.18.1951

## נ. רובאַקין

# אַ מעשׂה
# מיט אַ ייִדישן דאָקטער

ייִדיש פֿון
ש. באַסטאָמסקי



---
***

אַרויסגעגעבן פֿון
פֿאַרלאַג „אַרבעטער־רינג"
בײַ דעם בילדונגס־קאָמיטעט פֿון אַרבעטער־רינג

קינדער־רינג־ביבליאָטעק

# אַ מעשׂה
# מיט אַ ייִדישן דאָקטער

פון

## נ. רובאַקין

ייִדיש פון

## ש. באַסטאָמסקי

•



175 E. BROADWAY
NEW YORK 2, N. Y.
*Printed in the U.S.A.*

אויפגעזעצט און געדרוקט אין „פּאַריש פּרעס"
*Printend* by PARISH PRESS, 155 W. 25th St., N. Y. 1, N. Y.


10

## 1

מיט פיר הונדערט יאָר צוריק האָט געלעבט אין ו־ער שטאָט רוים אַ ייִדישער דאָקטער מיטן נאָמען יצחק.

דער דאָקטער האָט געהאַט אַן אייגן הויז און האָט דאָרטן געוואוינט מיט זײַן פֿרוי לאה און מיט צוויי זין. דער ייִנגערער זון איז אַלט געווען צען יאָר, דער עלטערער האָט געדאַרפֿט ווערן צוועלף יאָר אַלט.

יצחק איז געווען איינער פֿון די בעסטע דאָקטוירים אין רוים, און דעריבער פֿלעגן צו אים קומען זייער אַ סך קראַנקע, ייִדן און קריסטן. יצחק פֿלעגט קיינעם ניט אָפּ־זאָגן אין הילף. ער האָט אַלעמען געהיילט. די רײַכע פֿלעגן אים באַצאָלן פֿאַר זײַן מי; אָרעמע לײַט פֿלעגן נאָך פֿון אים באַקומען מתּנות.

יצחק איז געווען זייער אַ געלערנטער מענטש, אָבער ער האָט פֿאַרשטאַנען, אַז דאָס וואָס ער קען איז נאָך אַלץ ווייניק. ער האָט פֿון אַלץ געוואָלט וויסן — ווי אַזוי עס באַוועגן זיך איבערן הימל די זון, די לבֿנה און די שטערן; ווי אַזוי עס וואַקסן די ביימער און די גראָזן; וועלכע גראָזן זײַנען ניצלעך פֿאַרן מענטשן און וועלכע — שעדלעך; ווי איז געבויט דעם מענטשנס קערפּער, פֿון וואָס קומען פֿאַרשיידענע קראַנקייטן, ווי אַזוי דאַרף מען די דאָזיקע קראַנקייטן היילן.

שעהן לאַנג פֿלעגט יצחק אָפּזיצן איבער די ביכער און אַלץ טראַכטן וועגן די אַלע פֿראַגעס.

איין מאָל אין אָוונט איז יצחק געזעסן בײַ זיך אין שטוב און האָט געלייענט אַ בוך. מיט אַ מאָל האָט זיך דערהערט פֿון גאַס עפּעס אַ געשריי און אַ טומל. יצחק האָט געעפֿנט אַ פֿענצטער און האָט דערזען ווי צו זײַן הויז לאָזן זיך אַ סך מענטשן. פֿאָרויס טראָגט מען אויף אַ בעטל עפּעס אַן אַלטן מאַן. דער אַלטער איז אין גאַנצן פֿאַרגאָסן מיט בלוט. ער ליגט אויפֿן בעטל מיט פֿאַר־מאַכטע אויגן און קוים וואָס ער קרעכצט.

יצחק האָט גלײַך דערקענט דעם אַלטן. דאָס איז געווען אַן אָרעמער ייִד ר׳ אַהרן, וואָס פֿלעגט אָפֿט מאָל אַרײַנקומען צו אים.

יצחק איז אַרויס אויפֿן גאַס און האָט געפֿרעגט, וואָס ס׳האָט פּאַסירט.

— אַן אומגליק, אַ גרויס אומגליק! — האָט מען אים געענטפֿערט — דער אַלטער ר׳ אַהרן שטאַרבט אַוועק... ער איז אַראָפּגעפֿאַלן פֿון אַ לייטער. מיר האָבן אים געפֿונען אין אַ טײַך מיט בלוט.

יצחק האָט געהייסן אַרײַנטראָגן דעם אַלטן צו זיך אין שטוב.

דער דאָקטער האָט זיך געשטעלט לעבן קראַנקן אויף די קני און האָט אים גענומען אויסהערן און אַרומקוקן. דער אַלטער ר׳ אַהרן איז געווען אין גאַנצן בלוי. ער האָט פֿאַרלוירן זייער אַ סך בלוט. עס האָט אויסגעזען, אַז אָט-אָט שטאַרבט ער.

— ס׳אַ אומגליק, ס׳אַ אומגליק! — האָבן די מענטשן געבראָכן מיט די הענט — ער שטאַרבט נעבעך אַוועק, ר׳ אַהרן!...

אַלע האָבן אים זייער ליב געהאַט, דעם אַלטן ר׳ אַהרנען, ווײַל ער איז געווען זייער אַ גוטער און זייער אַן ערלעכער מאַן. קיינער האָט אים אָבער איצט ניט גע-קאָנט העלפֿן.

באַלד האָבן די זײַטיקע מענטשן פֿאַרלאָזן דעם דאָק-טערס הויז, און דער דאָקטער מיטן קראַנקן זײַנען פֿאַר-בליבן אַליין.

ר׳ אַהרן איז געלעגן אַ בלאַסער און אַ קאַלטער, פּונקט ווי אַ מת.

דער דאָקטער איז געשטאַנען איבער אים און האָט געטראַכט:

— אָט שטאַרבט ער אַוועק, ר׳ אַהרן! אָט שטאַרבט אַוועק אַזאַ וואוילער מענטש! ניטאָ קיין מיטל אים צו ראַטעווען! קיינער וועט אים שוין לעבעדיק ניט מאַכן!

קיינער קען שוין קיין פֿריש בלוט אין זײַנע אָדערן ניט אַרײַנגיסן!...

יצחק האָט איבערגעבונדן דעם קראַנקן די וואונדן.

דער אַלטער איז געלעגן אָן אָטעם, די אויגן פֿאַר־מאַכט, די הענט אַראָפּגעלאָזן...

יצחק האָט געקוקט אויף אים און האָט צו זיך אַליין גערעדט:

— ניין, מ׳טאָר אים אַזוי ניט לאָזן! מען מוז פֿאַר אים געפֿינען אַ רפֿואה! ער האָט פֿאַרלוירן אַזוי פֿיל בלוט... אויב ער וועט אַפֿילו יאָ קומען צו זיך, איז אויך זײַן לעבן קיין לעבן ניט, — אָן בלוט וועט ער לאַנג ניט ציִען.. . איך מוז פּרוּוון איבערגיסן אין זײַנע אָדערן בלוט פֿון אַ צווייטן מענטשן!... אמת, קיינער האָט דאָס נאָך פֿ אַ ר מיר ניט געטאָן, נאָר איך מוז דאָס טאָן! אפֿשר?... אפֿשר וועט זיך דאָס מיר אײַנגעבן? און אַז דאָס וועט זיך מיר אײַנגעבן, וועל איך דאָך קענען אויסהיילן פֿון בלוטאַרעמקייט אַזוי פֿיל מענטשן!...

יצחק האָט געוואוסט, אַז די אָדערן, אין וועלכע דאָס בלוט פֿליסט, זײַנען געבויט בײַ די מענטשן און בײַ די חיות אויף איין שטייגער. ער האָט גענומען צוויי קי־נינלעך, (RABBITS) האָט אויסגעצאַפּט פֿון איינעם אַ סך בלוט און אַרײַנגעגאָסן עס אין דעם בלוט פֿון צווייטן קי־ניגל. עטלעכע טעג נאָך אַנאַנד האָט ער געמאַכט אַזוינע פּרוּוון. אַהרן איז דערווײַל געלעגן אַ פֿאַרחלשטער. דער דאָקטער האָט געאַרבעט מיט אַלע כּוחות און האָט געהאַט אין זינען נאָר איין זאַך — ווי אַזוי צו ראַטעווען אים פֿון טויט. די ערשטע פּרוּוון האָבן זיך ניט אײַנגעגעבן: אין עטלעכע מינוט אַרום נאָך דער אָפּעראַציע פֿלעגט דאָס קיניגל פּגרן. ביסלעכווײַז אָבער האָט זיך יצחק אויסגעלערנט די זאַך, און ענדלעך האָבן זיך זײַנע פּרוּוון זייער גוט אײַנגעגעבן. ער האָט אַזוי קונציק איבערגע־גאָסן דאָס בלוט פֿון איין קיניגל אין דעם אַנדערן, אַז ביידע זײַנען געבליבן לעבן.

— דאַנקען גאָט! — האָט יצחק יעמאָלט געזאָגט — אַ האַלבע אַרבעט איז שוין אָפּגעטאָן!

כּדי צו זײַן זיכער אין זיך אַליין, האָט ער נאָך אַ מאָל צוואַנציק איבערגעחזרט די פּרואוון. אַלע פּרואוון האָבן זיך אײַנגעגעבן. דעמאָלט האָט ער אָפּגעווישט דעם שווייס פֿון זײַן פּנים און געזאָגט:

— ס'איז דאָ אַ מיטל אויסצוהיילן בלוטאָרעמע מענטשן. מען קען איבערגיסן בלוט פֿון איינעם אין דעם אַנדערן; איך האָב דאָס אַליין געזען, אַליין מיט מײַנע אייגענע הענט געמאַכט, איך בין דערגאַנגען דעם אמת, און קיינער וועט מיך שוין ניט קענען איבעררײדן, אַז ס'איז ניט אַזוי.

יצחק האָט זיך זייער געפֿרייט מיט דעם וואָס ער האָט אויסגעפֿונען. ער איז צוגעגאַנגען צו זײַן פֿרוי און האָט איר אויך אָנגעזאָגט די פֿריילעכע נײַעס:

— פֿריי זיך, לאה, — האָט ער געזאָגט צו איר מיט אַ שײַנענדיק פּנים, — איך האָב געפֿונען אַ נײַעם מיטל ווי צו היילן קראַנקע. איך וועל אַהרנען געזונט מאַכן!

און ער האָט איר דערציילט אַלץ וועגן זײַן אַרבעט. לאה האָט זיך געפֿרייט צוזאַמען מיט אים.

— מאָרגן, — האָט יצחק ווײַטער געזאָגט, — וועל איך אַרײַנגיסן אין אַהרנס אָדערן פֿריש בלוט, און אויב מײַן האַנט וועט ניט אַ ציטער טאָן, בין איך זיכער, אַז אַהרן וועט זײַן פֿריש און געזונט!

— זאָג מיר, מײַן טײַערער, האָט לאה געפֿרעגט, — צי ביסטו טאַקע זיכער, אַז דײַן האַנט וועט ניט אַ ציטער טאָן?

— שרעק זיך ניט, לאה, — האָט זי יצחק באַרואיקט, — ניט צום ערשטן מאָל קומט אויס צו האַלטן דאָס מעסער אין האַנט! — ער האָט זי אַ קוש געטאָן און איז אַרײַן צו זיך אין צימער.

ווען דער אַלטער אַהרן האָט שוין געהאַט דורכגעמאַכט די בלוט-אָפּעראַציע און האָט זיך געבעסערט פֿון

טאָג צו טאָג, — איז יצחק איין אוּנגט געזעסן בײַ זיך אין צימער און האָט געאַרבעט.

פּלוצעם האָט זיך דערהערט אַ שטאַרקער קלאַפּ אין טיר.

— עפֿנט! עפֿנט גיכער! — האָבן זיך דערהערט קולות פֿון גאַס.

לאה איז צוגעלאָפֿן צו דער טיר, האָט זי געעפֿנט און איז אָפּגעטראָטן פֿאַרוואונדערט צוריק. פֿאַר איר איז געשטאַנען עפּעס אַ מענטש אין רײַכע סאַמעטענע קליי־דער און הינטער אים — נאָך עטלעכע אין באַגילטע פּאַנ־צערס און אין שטאָלענע העלמען, מיט שווערדן בײַ די זײַטן און מיט שפּיזן אין די הענט.

— דאָ וואוינט דער דאָקטער יצחק? — האָט גע־פֿרעגט דער מענטש אין די שוואַרצע קליידער.

לאה האָט זיך אַזוי דערשראָקן פֿאַר די אומבאַקאַנטע געסט, אַז זי האָט אַ וואָרט ניט געקאָנט אַרויסריידן. די ייִדן האָבן יעמאָלט געוואוינט אין באַזונדערע גאַסן, אין גע־טאָס, און אין די דאָזיקע געטאָס פֿלעגט מען זעלטן ווען זען באַוואָפֿנטע מענטשן.

— זײַן הייליקייט, דער פּויפּסט אינאָצענט דער אַכטער, האָט אונדז געשיקט אַהערצו, מיטן באַפֿעל צו ברענגען אין זײַן פּאַלאַץ דעם דאָקטער יצחק, — האָט געזאָגט דער אומבאַקאַנטער.

אַז לאה האָט דערהערט די ווערטער, האָט זי זיך בי־טער פֿונאַנדערגעוויינט. זי האָט געוואוסט, אַז ווען מען רופֿט אַ ייִדן צום פּויפּסט, איז עס ניט קיין אָנזאָג אויף גוטס.

זי איז אַרײַן צום מאַן, האָט אים דערציילט, אַז מ׳איז געקומען צו אים פֿון פּויפּסט, און האָט זיך נאָך שטאַרקער צעוויינט.

— וואָס וויינסטו, לאה? — האָט זי יצחק געטרייסט — צי דען איז דאָס ערשטע מאָל, אַז מען רופֿט מיך צו קראַנקע אין די פּאַלאַצן פֿון די קריסטן?

ער האָט זי אַ קוש געטאָן און איז אַרויס צו די מענטשן פֿון פּויפּסט.

— קומט, — האָט ער געזאָגט, — איך בין גרייט!

מ'האָט געבראַכט יצחקן אין פּאַלאַץ. מען פֿירט אים פֿון איין זאַל אין דעם אַנדערן. די זאַלן זײַנען פֿול מיט די רײַכסטע נאָבללײַט פֿון שטאָט. אויף אים האָט קיינער אַפֿילו אַ קוק ניט געטאָן. אָט האָט מען אים אַרײַנגעפֿירט אין דעם פּויפּסטס צימער. ער איז אַרײַן און האָט זיך אַרומגעקוקט — אַ גרויסער צימער. בײַ דער וואַנט שטייט אַ גרויס גאָלדן בעט. אויפֿן בעט ליגט אַ מענטש, אַ בלאַסער, און גיט זיך ניט קיין ריר. די הענט אַראָפּגעלאָזן, קוים וואָס די נשמה האַלט זיך אין אים. בײַם בעט שטייען מענטשן אָנגעטאָן אין שוואַרצן און ריידן שטיל צווישן זיך.

מ'האָט צוגעפֿירט יצחקן צום בעט און אים אַזוי געזאָגט:

— דאָקטער יצחק, זײַן הייליקייט דער פּויפּסט איז געפֿערלעך קראַנק. צי קענען דײַנע קענטענישן און דײַן חכמה אים באַהילפֿיק זײַן?

## 2

יצחק איז צוגעגאַנגען נעענטער און האָט אָנגעהויבן אויסצוהערן דעם קראַנקן. ער האָט פֿונאַנדערגעפֿרעגט די דאָקטוירים, וואָס האָבן אים פֿון פֿריִער אָן קורירט, און זיי האָבן אים דערציילט, אַז דעם פּויפּסטס קראַנקייט איז אַ געפֿערלעכע און קיין מיטל איז ניטאָ צו איר. יצחק האָט אָבער גלײַך דערקענט דעם פּויפּסטס קראַנקייט. דער פּויפּסט איז געווען זייער בלוטאָרעם. אים אויסצוהיילן מוז מען אין די אָדערן זײַנע אַרײַנגיסן פֿריש בלוט.

— נו, וואָס זאָגסטו, יצחק? — האָבן געפֿרעגט די דאָקטוירים — האָסטו אַ מיטל אויסצוהיילן דעם פּויפּסט?

יצחק האָט אַ קוק געטאָן אויף זיי און האָט זיך געטראַכט: „אפֿשר טאָר איך גאָר דעם פּויפּסט ניט היילן?

ער האָט דאָך אַזוי פֿיל שלעכטס געטאָן די ייִדן, אומגע־בראַכט אַזוי פֿיל אומשולדיקע... איך וועל זאָגן, אַז איך האָב קיין מיטל ניט, און ער וועט שטאַרבן..."

יצחק האָט אַ קוק געטאָן אויפֿן קראַנקן; ער ליגט אַ בלאַסער און קוקט אויף אים מיט אַזוי פֿיל רחמנות, מיט אַזאַ ווייטאָג... ער איז איצט אַזוי אומגליקלעך. אַ גע־פֿיל פֿון טיפֿן רחמנות נעמט דורך יצחקן. ער שווײַגט און טראַכט אַלײן: „איצטער איז ער אומגליקלעך און שוואַך און וואַרט פֿון מיר אויף הילף, מעג איך זיך דען אָפּזאָגן אים צו ראַטעווען? ער איז דאָך מער ניט ווי אַ מענטש. דאָס שלעכטס וואָס ער האָט ייִדן געטאָן פֿאַלט אויף זײַן געוויסן. וואָס דאַרף איך באַהאַלטן מײַן אויס־געפֿונענעם מיטל? איך האָב דאָך געאַרבעט ניט פֿאַר זיך, נאָר פֿאַר אַלע מענטשן. איך מוז אים אויך קומען צו הילף!..."

און יצחק האָט זיך אָפּגערופֿן צו די דאָקטוירים:

— יאָ, איך האָב אַ מיטל ווי אַזוי אויסצוהיילן זײַן הייליקייט!

די דאָקטוירים האָבן זיך זייער פֿאַרוואונדערט, דער־הערנדיק יצחקס ענטפֿער. זיי זײַנען אַלע געווען גע־לערנטע, און לויט זייער מיינונג, איז שוין פֿאַרן פּויפּסט קיין רפֿואה ניט געווען.

— וואָס פֿאַר אַ מיטל האָסטו? — האָבן זיי גע־פֿרעגט.

— מען דאַרף אַרײַנגיסן דעם פּויפּסט אין די אָדערן פֿריש בלוט! — האָט יצחק רואיק געענטפֿערט.

די דאָקטוירים זײַנען נאָך מער איבערראַשט געוואָרן. זיי האָבן אין ערגעץ קיין מאָל ניט געהערט און ניט גע־לייענט פֿון אַזאַ מיטל. זיי האָבן געהאַלטן, אַז אַרײַנ־גיסן בלוט אין די אָדערן פֿון אַ לעבעדיקן מענטשן איז אַן אוממעגלעכע זאַך, און זיי האָבן גענומען טראַכטן, אַז דער ייִדישער דאָקטער האָט געוויס באַהאַלטענע שלעכטע גע־דאַנקען.

— פון וואַנען ווייסטו אַזאַ מין מיטל? — האָבן זיי געפרעגט — מיר האָבן קיין מאָל ניט געהערט דערפון.

— איך האָב אויך קיין מאָל ניט געהערט דערפון, ביז איך האָב עס אַליין ניט אויסגעפונען און האָב עס ניט אויסגעפּרואווט — האָט יצחק געענטפערט.

— אַזוי! — האָבן זיך אָפּגערופן דעם פּויפּסטס לײַט

— דאָס איז דײַן אייגענער אײַנפאַל! צי ביסטו אָבער זיכער, אַז דאָס וועט זיך דיר אײַנגעבן?

— איך האָב מיט מײַנע אייגענע הענט איבערגעגאָסן בלוט און איך פאַרלאָז זיך אויף זיי.

— און דו נעמסט זיך אונטער אַרײַנצוגיסן אין די אָדערן פון זײַן הייליקייט פרישׁ בלוט?

— יאָ, איך נעם זיך אונטער!

יצחקס ווערטער זײַנען ניט געפעלן געוואָרן דעם פּויפּסטס דאָקטוירים. זיי זײַנען אָפּגעגאַנגען אין אַ זײַט און האָבן צווישן זיך אַזוי גערעדט: „מען טאָר ניט דערלאָזן יצחקן איבערגיסן דאָס בלוט! ווער ווייס? אפשר וועט זיך אים דער מיטל טאַקע אײַנגעבן? אויב ער וועט אויסהיילן דעם פּויפּסט, וועט מען אונדז מער קיין מאָל ניט רופן! דאָס לוינט אונדז ניט!"

און זיי האָבן שטילערהייט געזאָגט דעם פּויפּסט, ער זאָל זיך ניט צוהערן צו די רייד פון אַ ייִדן. גאָט ווייס, וואָס פאַר אַ מענטש ער איז און וואָס ער טראַכט זיך! דער פּויפּסט האָט אָבער ניט געוואָלט שטאַרבן און פון זײַנע דאָקטוירים האָט ער שוין אויף קיין הילף ניט געהאָפט.

— ניין! — האָט ער געזאָגט — איך וועל טאָן ווי דער ייִדישער דאָקטער וועט הייסן!

לאַנג האָבן נאָך די דאָקטוירים און דעם פּויפּסטס לײַט געפּרואווט אײַנריידן דעם פּויפּסט. אַלץ איז אָבער געווען אומזיסט. דעם פּויפּסט האָט זיך נאָך געוואָלט לעבן. זײַן לעצטע האָפענונג האָט ער געלייגט אויף יצחקן. ער האָט צוגערופן יצחקן צו זיך און האָט אים געפרעגט מיט אַ שוואַכן קול:

— אויב דו קענסט מיר העלפֿן, טאָ וואָס וואַרטסטו?

יצחק האָט אים געענטפֿערט, אַז ער איז גרייט גלײַך צוצוטרעטן צו דער אַרבעט, זאָל מען נאָר געפֿינען אַ מענטשן, וואָס זאָל געבן זײַן בלוט, און זאָל מען שיקן צו אים אַהיים נאָך די אינסטרומענטן.

די דאָקטוירים און דעם פּויפּסטס לײַט האָבן פֿאַרשטאַנען, אַז זיי מוזן נאָכגעבן, און האָבן אַזוי געזאָגט צו יצחקן:

— פֿאַרבלײַב דאָ אַ ווײַלע און מיר וועלן שוין געפֿינען דעם נייטיקן מענטשן און וועלן שיקן צו דיר אַהיים נאָך די אינסטרומענטן.

און זיי האָבן טאַקע אַזוי געטאָן. זיי האָבן געלאָזן יצחקן בײַם קראַנקן און צו אים אַהיים האָבן זיי אַוועקגעשיקט מענטשן מיט אַזאַ באַפֿעל:

— ברענגט אין פּאַלאַץ אַרײַן דעם דאָקטערס אינסטרומענטן און אויך זײַנע קינדער; אויב ער האָט קיין קינדער ניט, זאָל קומען זײַן פֿרוי.

— מיר וועלן יצחקן נייטן — האָבן די דאָקטוירים געטראַכט — איבערצוגיסן דאָס בלוט פֿון זײַנע אייגענע קינדער. אויב ער האָט ניט קיין שלעכטע געדאַנקען, וועט ער זיך ניט אָפּזאָגן איבערצוגיסן בלוט אַפֿילו פֿון זײַנע אייגענע קינדער. ער וועט זײַן פֿאַרזיכטיקער און וועט אַלץ טאָן, כּדי די קינדער זײַנע זאָלן לעבן בלײַבן. אויב ער וועט זיך אָבער אָפּזאָגן דאָס צו טאָן, איז אַ סימן, אַז ער האָט געהאַט בייזע געדאַנקען. דעמאָלט דאַרף מען אים טייטן, און ניט נאָר אים, נאָר אַפֿילו זײַנע נאָענטע און אַלע ייִדן...

די מענטשן זײַנען צוריקגעקומען און האָבן געבראַכט די אינסטרומענטן און יצחקס קינדער...

די קינדער נעבעך האָבן געציטערט און געוויינט. זיי האָבן זיך געהאַלטן איינער אָן דעם אַנדערן, זיי האָבן ניט געוואוסט וואוהין און נאָך וואָס מען פֿירט זיי.

— איצט קענסטו זיך נעמען צו דער אַרבעט, — האָבן די דאָקטוירים געזאָגט צו יצחקן, — דײַנע אינסטרומענטן

זײַנען שוין דאָ און מיר האָבן שוין אויך געפֿונען מענטשן וואָס בײַ זיי קענסטו נעמען דאָס בלוט.

— וואו זײַנען זיי, די מענטשן? — האָט יצחק געפֿרעגט.

— קום מיט אונדז, — האָבן זיי אים געזאָגט, — און דו וועסט זיי זען.

און זיי האָבן אַרײַנגעפֿירט יצחקן אין צימער, וואו זײַנע קינדער זײַנען געווען:

— אָט פֿון די קינדער וועסטו נעמען בלוט פֿאַר זײַן הייליקייט.

אַז יצחק האָט דערזען זײַנע קינדער, איז ער געוואָרן בלאַס ווי אַ טוך. אויף דעם האָט ער זיך ניט געריכט. די קינדער ווײנען, שטרעקן צו אים די הענט אויס... יצחק איז צו זיי צוגעגאַנגען און האָט זיי אָנגעהויבן גלעטן און אײַנשטילן:

— וואָס ווײנט איר, מײַנע טײַערע? איך בין דאָך מיט אײַך, איך וועל קײנעם ניט דערלאָזן אײַך שלעכטס טאָן.

אָזן דאָס הארץ קלאַפּט אים אַזוי, און ס'איז אים אַזוי שווער, אַזוי שווער... און ער טראַכט זיך: „קען איך זיך דען אָפּזאָגן איבערצוגיסן בלוט פֿון מײַנע אייגענע קינדער? ניין! איך טאָר זיך ניט אָפּזאָגן! איצט וועל איך אַלעמען ווײַזן, אַז אמת בלײַבט אַלע מאָל אמת!..."

ער האָט האָט אַרומגענומען די קינדער, געשמייכלט צו זיי, געקושט און געהאַלדזט זיי און דערבײַ ווידער געטראַכט: „וועט כאָטש די קראַפֿט פֿון מײַן ווילן זײַן גענוג, אַז איך זאָל קענען האַלטן וואָרט? וועט מיר די האַנט ניט אַ ציטער טאָן, ווען איך וועל זיך צורירן מיטן מעסער צו מײַנע קינדער? גאָט, גאָט! גיב מיר כּוח!..."

ער קושט און טרייסט די קינדער, און די אַרומיקע קוקן אויף אים און ווינקען זיך איבער מיט אַ בייזן שמייכל: „ער וועט ניט אויסהאַלטן — טראַכטן זיי, — באַלד זאָגט ער זיך אָפּ פֿון זײַנע ווערטער!"

יצחק האָט אָבער פֿאַרקריצט די ציין און איז אַ צעטראָגענער און אַ בלאַסער צוגעגאַנגען מיט די קינ־דער צו די דאָקטוירים און געזאָגט:

— קומט, לאָמיר גיין צום קראַנקן, איך בין גרייט...

די הויפֿלײַט האָבן זיך נאָך מער פֿאַרוואונדערט. מיט זײַן באַנעמען זיך האָט יצחק זיי נאָך מער צערייצט און בייז געמאַכט.

יצחק איז אַרײַן צום פּויפּסט אין צימער און האָט זיך גענומען צו דער אַרבעט. „אַזוי ווי דער פּויפּסט איז זייער שוואַך, — האָט ער געטראַכט, — דאַרף מען פֿאַר אים האָבן אַ סך בלוט. איך וועל נעמען פֿון יעדן זון אַ ביסל. דעמאָלט וועט דאָס זיי אַפֿשר ניט שאַדן. איך וועל זאָגן די קינדער, אַז ס'איז ניט קיין סכּנה, און זיי וועלן מיך פֿאָלגן".

און ער האָט אַזוי געטאָן.

שטאַרק, זייער שטאַרק האָט געקלאַפּט יצחקס האַרץ, ווען ער האָט זיך צוגערירט מיטן שאַרפֿן מעסער צו זײַן קינדס לײַב. דאָס ייִנגעלע האָט ניט געוויינט און נאָר ברייט פֿונאַנדערגעעפֿנט די אויגן פֿאַר שרעק. ער האָט געציטערט און מיט מורא געקוקט אויפֿן פֿאָטער און אויפֿן פּויפּסט, וואָס איז געלעגן ווי אַ טויטער אויף די אַטלאַסענע קישעלעך.

יצחק איז געוואָרן נאָך בלאַסער און האָט אַלץ גע־טראַכט: „גאָט, גאָט, גיב מיר כּוחות!..." ס'איז גע־ווען אַ רגע, ווען יצחקן האָט זיך געדאַכט, אַז זײַן האַנט האָט אַ ציטער געטאָן. ער האָט מיט שרעק אַ קוק געטאָן אויפֿן זון. דאָס קינד האָט געשמייכלט דורך די טרערן. דעמאָלט איז אים אַראָפּ ווי אַ שטיין פֿון האַרצן. „דאַנ־קען גאָט!" — האָט ער געטראַכט — „עס גייט גוט, דער עלטערער וועט בלײַבן לעבן". ער האָט איבערגעבונדן דעם זון די וואונד, אים אַ קוש געטאָן און צוגערופֿן דעם אַנדערן.

די דאָקטוירים קוקן אויף אים און גאַפֿן. דער פּויפּסט האָט דערווײַל אָפּגעלעבט. ער האָט דערפֿילט,

ווי נײַ בלוט האָט אָנגעהויבן צו שטראָמען אין זײַנע אָדערן. ער האָט אויפֿגעהויבן דעם קאָפּ און האָט געזאָגט דעם קינד עטלעכע גוטע ווערטער. דאָס יינגעלע האָט זיך נאָך מער דערשראָקן און האָט אָנגעהויבן צו וויינען:

— טאַטע, ס'טוט מיר וויי! אוי, אוי, אוי, ווי ס'טוט מיר וויי!..."

— שאַ, שאַ, מײַן קינד, נאָך איין מינוט — און פֿאַרטיק! — האָט אים יצחק בארואיקט. אָבער אַליין האָט ער אויך קוים אײַנגעהאַלטן די טרערן, די הענט האָבן געציטערט, די אויגן האָבן קיין זאַך ניט געזען, אַחוץ דער שרעקלעכער וואונד אויפֿן זונס האַנט...

די אָפּעראַציע האָט זיך געענדיקט. יצחק האָט איבערגעבונדן די קינדער און דעם פּויפּסט די וואונדן און האָט געדאַנקט גאָט, וואָס אַלץ איז אַריבער בשלום.

— איך דאַנק דיר, יצחק, — האָט דער פּויפּסט געזאָגט. — דו האָסט מיר געראַטעוועט דאָס לעבן, און דערפֿאַר וועסטו קריגן שׂכר (סכאַר), ווי דו ביסט ווערט.

יצחק האָט זיך אַ נייג געטאָן און איז אַרוים מיט די קינדער אין אַ צווייטן צימער. אַלע האָבן אים אַרומגערינגלט, אָפּגעגעבן מזל־טובֿ, באַוואונדערט זײַן קונסט, געדריקט אים די האַנט. די קינדער האָט מען געגלעט און געטוליעט און אַרײַנגעפֿירט אין אַ באַזונדער צימער. יצחק האָט זיך געפֿילט זייער גוט. ער האָט ניט נאָר געראַטעוועט אַ מענטשן פֿון טויט, ער האָט אויך באַוויזן, וואָס ער האָט אויפֿגעטאָן פֿאַרן וואויל פֿון אַלעמען. און נאָך ווי באַוויזן: אויף די אייגענע קינדער! יאָ, שלעכטע מענטשן האָבן געטאָן אַן עוולה (אַוולע) אים און זײַנע קינדער... גאָט שטייט דאָך אָבער פֿאַרן אמת!...

יצחק איז דורכגעגאַנגען דעם זאַל און איז צוגעגאַנגען צום צימער, וואו די קינדער האָבן אויף אים געוואַרט. יצחק האָט געעפֿנט די טיר און האָט דערזען אַ פֿולע שטוב מיט הויפֿלײַט. אַלע שפּאַרן זיי זיך און סודען זיך עפּעס. יצחק האָט זיך דורכגעשטופּט צום פֿענצטער און איז שיר ניט געבליבן אויף אַן אָרט. אויף אַ היל-

צערנער באַנק איז געלעגן אָן באַוועגונג זײַן עלטערער זון. דער קאָפּ אין אַ זײַט, דאָס פּנים — בלוי, די אויגן אַרויסגעשפּאַרט... לעבן אים האָט זיך אין קאַנוואול־סיעס געצאַפּלט דער יִינגערער. ער האָט זיך געשטיקט און אַרויסגעלאָזן משונה־ווילדע קולות...

אַז יצחק האָט דערזען זײַנע קינדער, איז ער געבליבן ווי פֿאַרשטיינערט. קיין וואָרט ניט געקענט אַרויסריידן. די האָר האָבן זיך אים געשטעלט קאַפּויר. דאָס פּנים האָט זיך אים אויסגעצויגן, די אויגן זײַנען ברייט געוואָרן, ער האָט זיך געכאַפּט פֿאַרן קאָפּ און האָט ניט מיט זײַן קול אָנגעהויבן שרײַען:

— קינדער מײַנע, קינדער מײַנע!...

ער האָט זיך אַ וואָרף געטאָן צו זיי און איז געפֿאַלן אויף די קני. וויינען האָט ער ניט געקענט, ער האָט נאָר געציטערט מיט אַלע גלידער און שווער געאָטעמט. ער האָט זיי געקושט און געמינטערט, נאָר אַלץ אומזיסט. זיי ליגן ווי טויטע און ווערן אַלץ קעלטער...

מיט אַ מאָל האָט זיך יצחק אויפֿגעשטעלט, זיך געכאַפּט פֿאַר די האָר, אַרויסגעלאָזן אַ שרעקלעכן קרעכץ און אָנגעהויבן צו שרײַען:

— קינדער מײַנע, קינדער מײַנע!

די הויפֿלײַט האָבן פֿאַר שרעק קיין וואָרט ניט געקענט אַרויסריידן. יצחק האָט זיך אַ לאָז געטאָן פֿון צימער און, האַלטנדיק זיך פֿאַרן קאָפּ, האָט ער ווי אַ משוגענער אָנגעהויבן צו לויפֿן איבער די זאַלן פֿון פּאַלאַץ. ער זעט גאָרניט און הערט גאָרניט, פֿאַלט אַרויף אויף מענטשן. אַלע זידלען אים, אַנטלויפֿן פֿון אים. לסוף האָבן אים די דינער געכאַפּט און אַרויסגעשלײַדערט אויף דער גאַס. יצחק האָט זיך געלאָזט לויפֿן, וואו די אויגן האָבן אים געטראָגן...

דער פּויפּסט איז דערווײַל געשלאָפֿן שטיל און רואיק. אַזאַ שלאָף האָט ער שוין פֿון לאַנג ניט געהאַט. אַרום אים זײַנען געזעסן די דאָקטוירים און האָבן זיך געוואונ־

דערט אויף יצחקס רפֿואה. דעם פּויפּסטס לײַט האָבן זיך געפֿרייט, וואָס דער קראַנקער איז פֿון טויט לעבעדיק געוואָרן. אַז ס'האָט צו זיי דערגרייכט די נײַעס וועגן טויט פֿון די קינדער, האָבן זיי אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און געזאָגט: „מסתמא איז אַזוי באַשערט! דאָס לעבן פֿון זײַן הייליקייט איז טײַערער פֿאַר דעם לעבן פֿון די קינדער!" וועגן יצחקן האָבן זיי גאָרניט געזאָגט. די טויטע קערפּערס פֿון זײַנע קינדער האָט מען אָפּגעשיקט צו אים אַהיים.

לאה איז דערווײַל געזעסן אין שטוב און האָט ביטער געוויינט. געוויינט האָט זי נעבעך, ווען מ'האָט אַוועקגעפֿירט איר מאַן צום פּויפּסט, אָבער נאָך מער האָט זי געיאָמערט, ווען מען האָט צוגענומען בײַ איר די קינדער. לאַנגע, שווערע שעהן איז זי געזעסן און האָט ניט געוואוסט וואָס איבערצוטראַכטן.וואו איז דער מאַן אירער? וואו זײַנען די קינדער? צי לעבן זיי? . . .

די נאַכט איז אַריבער. אַ טאָג, לאַנג ווי אַ יאָר, איז אַוועק, און קיינער איז ניט געקומען.

לאה איז געזעסן לעבן בעט און האָט זיך צוגעהערט, צי ס'קלאַפּט ניט אַ טיר, צי ס'הערט זיך ניט אַ קול. נאָר אָט האָט מען אַ קלאַפּ געטאָן אין טיר און ס'האָבן זיך דערטראָגן געשרייען פֿון גאַס. לאה איז אַראָפּגעלאָפֿן, האָט געעפֿנט די טיר און האָט דערזען אומבאַקאַנטע מענטשן מיט טראָגבעטלעך און אונטער אַ שוואַרצער קאָלדרע ליגן די בלויע קערפּערס פֿון אירע קינדער.

לאה איז געוואָרן בלאַס ווי דער טויט און איז געפֿאַלן אין חלשות. מען האָט זי אויפֿגעהויבן און אַרײַנגעטראָגן אין שטוב. אַ לאַנגע צײַט האָט לאה ניט געקענט קומען צו זיך.

— וואו איז מײַן מאַן? רופֿט אים אַהער! — האָט זי אָנגעהויבן שרײַען, ווען מען האָט זי אָפּגעמינטערט.

— דער הער איז נאָך ניט געקומען! — האָבן געענטפֿערט די מענטשן.

— רופֿט אַהער די קינדער מײַנע!

די דינער זײַנען געשטאַנען, האָבן איר גאָרניט גע־ענטפֿערט און טרויעריק געקוקט צו דער ערד.

לאה האָט זיך דעמאָלט אין אַלץ דערמאָנט און האָט זיך ביטער, ביטער צעכליפּעט.

אַ וואָך צײַט איז אַריבער. לאה האָט שוין לאַנג מקבר געווען אירע קינדער, אָפּגעזעסן שבֿעה און אין טרויער געהאַרט אויפֿן מאַן און ניט אויפֿגעהערט צו וויינען.

נאָך אַ וואָך צײַט איז אַריבער און יצחק קומט אַלץ ניט. קיינער ווייס ניט, וואוהין ער איז אַוועק פֿון פּאַ־לאַץ. יצחק איז פֿאַרפֿאַלן געוואָרן און בײַ אַלעמען איז געבליבן, אַז ער איז געשטאָרבן. אין זײַן הויז איז גע־וואָרן פּוסט און וויסט. ס'הערט זיך שוין ניט קיין קינ־דערשער געלעכטער, ס'קומען שוין ניט קיין קראַנקע. איינע אַליין זיצט לאה אַ פֿאַראומערטע, בעט גאָט און וואַרט אויפֿן מאַן. דער אַלטער אַהרן פּרואוווט זי טרייסטן, נאָר לאה הערט ניט אויף צו גיסן ביטערע טרערן. און אַזוי איז אַריבער אַ יאָר, און צוויי און דרײַ און פֿיר — פֿון טרערן און פֿון ניט שלאָפֿן בײַ נאַכט זײַנען בײַ לאהן קראַנק געוואָרן די אויגן און די אומגליקלעכע איז בלינד געוואָרן.

### 3

יצחק איז אָבער ניט געשטאָרבן. ווי זאָגט מען: אויף צרות לעבט מען.

אָט וואָס ס'האָט מיט אים פּאַסירט אין דער לעצ־טער צײַט. ווען מ'האָט אים אַרויסגעשלײַדערט פֿון פּויפּסטס פּאַלאַץ, איז ער אַנטלאָפֿן וואוהין די אויגן האָבן אים געטראָגן. ער איז געלאָפֿן און געלאָפֿן, אַלץ ווײַטער, ווײַטער. לאַנג האָט ער אַרומגעוואַנדערט אי־בער די גאַסן פֿון רוים, ביז ער איז געקומען צו די טויערן פֿון שטאָט און איז אַרויס אין פֿרײַען פֿעלד. פֿאַר מיד־קייט האָט ער קוים געאָטעמט, דער שווייס איז אים גערו־נען טײַכנווײַז, און ער איז געגאַנגען ווײַטער און ווײַטער.

ביַי נאַכט איז ער זייער אָפּגעשוואַכט געוואָרן און איז גע־פֿאַלן אויף דער ערד. לאַנג איז ער געלעגן אַ געחלשטער און אַז ער האָט זיך אויפֿגעכאַפּט, איז שוין געווען גרויסער טאָג. ער האָט זיך גענומען אַרומקוקן — בערג און ביי־מער. איבער אים וויגן זיך גרינע צווייַגן. אין גראָז לעבן אים מורמלט אַ טיַיכל. אויף די ביימלעך זינגט אַ פֿייגעלע. יצחק האָט זיך געכאַפּט פֿאַרן קאָפּ, זיך געוואָלט דערמאָנען, וואָס מיט אים קומט פֿאָר, נאָר ער האָט ניט געקענט. וואָס נעכטן איז געווען — האָט ער פֿאַרגעסן.

דערווייַל איז פֿאַרבייַגעגאַנגען אַ פּויער. ער האָט ניט באַמערקט, אַז אונטערן בוים ליגט אַ מענטש, און ער איז אַרויפֿגעגאַנגען אויף יצחקן. יצחק האָט אַ שפּרונג געטאָן און האָט זיך מיטן גאַנצן כּוח געלאָזט לויפֿן. דער פּויער האָט געמיינט, אַז ס'איז אַ משוגענער, און האָט זיך אָנגעהויבן צו צלמען (ציילעמען). יצחק איז טאַקע געלאָפֿן ווי אַ משוגענער. אַלע ווייַלע האָט ער זיך גע־כאַפּט פֿאַרן קאָפּ, געדעדט עפּעס פֿאַר זיך, געוויינט און געקרעכצט. לעבן אַ דאָרף זייַנען אויף אים אָנגעפֿאַלן הינט, האָבן אויף אים צעריסן די קליידער, צעביסן אים ביז בלוט. קינדער האָבן אים באַוואָרפֿן מיט שטיינער. קיינער פֿון די גרויסע האָט זיך פֿאַר אים ניט אָנגענומען, ווייַל אין יענער פֿינצטערער צייַט האָט מען געהאַלטן, אַז אין די משוגעים זיצן שדים.

יצחק האָלט דערווייַל אַלץ אין איין לויפֿן, ער פּרוּווט זיך גאָרניט וועדן. פֿאַר צרות פֿילט ער גאָר קיין ווייטאָג ניט. און אַזוי איז ער געלאָפֿן ביז וואַנען ער איז ווידער געפֿאַלן אָן כּוחות לעבן עפּעס אַ הייַזל. פֿון הייַזל איז אַרויסגעגאַנגען אַ פֿרוי מיט אַ קינד אויף די הענט. זי האָט דערזען אויף דער ערד אַ געחלשטן, אַ צעבלוטיקטן, מיט צעריסענע קליידער, און האָט אויף אים רחמנות גע־קראָגן. זי האָט געבראַכט וואַסער און האָט עם אים אַרויפֿ־געגאָסן אויפֿן קאָפּ. יצחק איז געקומען צו זיך. זי האָט אים געגעבן אַ טרונק.

— וואָס איז מיט דיר? — האָט זי געפֿרעגט בײַ אים.

יצחק האָט איר ניט געענטפֿערט. זי האָט אים גע־בראַכט ברויט. יצחק האָט שוין אַפֿילו לאַנג ניט גע־געסן, דאָך האָט ער איצטער קיין שום טעם ניט גע־פֿילט. די פֿרוי האָט אים איבערגעבונדן די וואונדן און געזאָגט צו אים:

— וואַרט דאָ אָפּ אַ ווײַלע, באַלד וועלן קומען מײַנע קינדער פֿון פֿעלד, וועלן זיי דיך אַוועקפֿירן אין שטאָט אַרײַן.

ווי נאָר יצחק האָט דערהערט דאָס וואָרט „קינדער״, האָט ער זיך גלײַך אַ שטעל געטאָן אויף די פֿיס. ער וויל זיך אָן עפּעס דערמאָנען — און קען ניט. עפּעס איז בײַ אים אין קאָפּ אַלץ פֿאַרצויגן געוואָרן מיט אַ שוואַרצער כמאַרע. אויפֿן האַרצן ליגט אים אַ שווערער שטיין און דריקט און דריקט אַזוי... ער האָט אַ קרעכץ געטאָן און איז אַנטלאָפֿן. אַ סך טעג און נעכט איז ער אַזוי געלאָפֿן דורך דערפֿער און שטעט, אַלץ קיין צפֿון.

ווי פֿריִער איז אים אין קאָפּ אַלצדינג פֿאַרצויגן גע־ווען מיט אַ שוואַרצן וואָלקן. און דאָס האַרץ — אַזוי ווי ווילדע חיות וואָלטן עס געריסן אויף שטיקער.

יצחק האָט געלעבט פֿון די נדבֿות, וואָס גוטע מענטשן פֿלעגן אים געבן. גיט מען אים עסן — עסט ער, גיט מען אים ניט — בעט ער ניט. רופֿט מען אים אַרײַן אין אַ שטוב נעכטיקן — גייט ער; רופֿט מען אים ניט — נעכ־טיקט ער אונטערן פֿרײַען הימל, אונטער אַ בוים ערגעץ אויפֿן גראָז. גאַנצע פֿינף חדשים האָט ער אַזוי אַרומגע־וואַנדערט.

דערווײַל איז געוואָרן ווינטער, ס'איז אַרוים אַ שניי. אַזוי האָט ער זיך דערשלעפּט אַזש צו די אַלפּן־בערג. ס'איז געוואָרן אַלץ קעלטער, דער וועג איז געגאַנגען באַרג אַרויף. גיין איז געוואָרן אַלץ שווערער.

איין מאָל בײַ נאַכט איז ער געקומען צו אַ דאָרף. די הענט ווײַנען אים פֿאַרפֿרוירן געוואָרן, און ער האָט געציטערט פֿאַר קעלט. קוים וואָס ער האָט זיך געהאַלטן אויף

די פּיס. בײַם װעג לעבן אַ גרױסן שטײן איז געשטאַנען אַ פּױעריש הײַזל. אין הײַזל האָט געלױכטן אַ פֿײַערל. יצחק איז אַרײַן און האָט זיך געזעצט. די באַלעבאַטים האָבן אַ קוק געטאָן אױף יצחקן און האָבן גלײַך פֿאַרשטאַנען, אַז ער איז ניט בײַם זינען. נאָר אַ מינהג איז דאָן געװען אין די בערג, אַז יעדער גאַסט, װער ער זאָל ניט זײַן, איז געװען אַ גאַסט פֿון גאָט, און די באַלעבאָסטע האָט אים אָפּגעלאָזן איר אָרט לעבן פֿײַער, דערלאַנגט אים ברױט מיט געקעכץ און איז אַלײן אַװעק אין אַ װינקעלע, װאו ס'איז געלעגן אירס אַ קראַנק קינד.

דאָס קינד האָט געהאַט היץ און האָט שװער גע־אָטעמט. באַלד האָט דאָס קינד זיך פֿונאַנדערגעװײנט. די מוטער האָט עס געקושט, געװאָלט פֿאַרװיגן, געזונגען לידלעך — קײן זאַך האָט ניט געהאָלפֿן. דאָס קינד האָט געװײנט אַלץ העכער און העכער. יצחק איז צוגעגאַנגען צו דער מאַמען און האָט זי געפֿרעגט, צי איר קינד איז קראַנק.

— װײער קראַנק! — האָט זי געענטפֿערט און האָט זיך צעװײנט.

יצחק האָט דערזען אַ קראַנקן און ס'איז אים געװאָרן עפּעס לײַכטער. ער איז געקומען אַ ביסל צו זיך, האָט באַקוקט דאָס קינד און האָט דערקענט זײַן קראַנקײט.

— מען דאַרף אים געבן טרינקען אַזאַ גראָז, — האָט ער געזאָגט צו דער מוטער.

די מוטער האָט געװאוסט פֿון די גראָזן — זײ זײַנען געװאַקסן אױף די דערבײַאיקע פֿעלדזן. זי איז גלײַך אַװעק קלײַבן די גראָזן.

די קעלט, די פֿינצטערניש און די טיפֿע אָפּגרונטן אין די בערג האָבן זי ניט אָפּגעשראָקן, אַבי צו ראַטעװען איר קינד.

אַז די מוטער האָט געבראַכט דאָס גראָז, האָט יצחק צוגעריכט די רפֿואה און געגעבן דעם קינד. עס איז אים בעסער געװאָרן און ס'איז אײַנגעשלאָפֿן. די מוטער האָט געװײנט פֿאַר פֿרײד.

אַ גאַנצע נאַכט איז יצחק געזעסן לעבן קראַנקן קינד און האָט אים געגעבן די רפֿואה. אים איז געוואָרן אַ ביסעלע גרינגער, אָבער אַ שוואַרצע כמאַרע האָט נאָך אַלץ עפּעס פֿאַרדעקט פֿאַר אים, און וואָס איז הינטער דער כמאַרע — דאָס האָט ער ניט געוואוסט.

אין דער פֿרי האָט יצחק געוואָלט אַוועקגיין ווײַטער, נאָר די באַלעבאַטים האָבן אים מיט טרערן אין די אויגן אָנגעהויבן בעטן, ער זאָל פֿאַרבלײַבן בײַ זיי ביז דאָס קינד וועט געזונט ווערן. איז ער פֿאַרבליבן. אים איז געווען אַלץ איינס — צי גיין ווײַטער, צי פֿאַרבלײַבן דאָ.

דערווײַל האָט זיך דאָס גאַנצע דאָרף דערוואוסט, אַז ס'איז געקומען עפּעס איינער אַ מאָדנער מענטש און האָט געראַטעוועט אַ קינד. אין דאָרף זײַנען געווען אַ סך קראַנקע, און אַלע זײַנען זיי באַלד געקומען צו יצחקן נאָך הילף. יצחק איז פֿאַרבליבן אין דאָרף און האָט גענומען היילן די קראַנקע. די פּויערים האָבן אים זייער ליב געקראָגן. אין אַ קורצער צײַט אַרום איז ער באַוואוסט געוואָרן אין די אַרומיקע דערפֿער, און פֿון אומעטום האָבן אָנגעהויבן צו קומען צו אים קראַנקע. אַ סך מענטשן האָט ער אויסגעהיילט, אַ סך געהאָלפֿן. אַלע האָבן אים געהאַלטן פֿאַר אַ מכשף (מעכאַשעף). ווער ער איז און פֿון וואַנען ער איז, האָט קיינער ניט געוואוסט. יצחק האָט וועגן זיך קיין מאָל גאָרניט דערציילט.

פֿיר יאָר האָט יצחק אַזוי אָפּגעלעבט רואיק און שטיל. געוואוינט האָט ער אין אַ פּויעריש הײַזל. די פּויערים פֿלעגן אים געבן עסן און טרינקען, — באַשוכן און באַקליידן אים. שעהן לאַנג פֿלעגט ער אַרומגיין איבער די אַרומיקע פֿעלדער און וועלדער און קלײַבן פֿאַרשיידענע גראָזן. ביסלעכווײַז איז זיך זײַן קראַנקייט אויסגעשטאַנען, און ער איז ווידער געקומען צום שׂכל. געדענקט האָט ער נאָר דאָס, וואָס ס'האָט מיט אים פּאַסירט אין דאָרף — וועגן זײַן ווײַב און קינדער און וועגן זײַן פֿריִערדיקן לעבן האָט ער אין גאַנצן פֿאַרגעסן.

יצחק וואָלט נאָך אַזוי אָפּגעלעבט אין דעם דאָרף אַ צײַט מיט יאָרן, ווען ס'וואָלט זיך פּלוצעם ניט געטראָפֿן אַזאַ מעשׂה: איין מאָל האָט ער אָנגעקליבן אַ סך גראָזן און האָט זיך געזעצט אויף אַ הויכן פֿעלדז, וואָס איז גע־האַנגען איבערן וועג, פֿונאַנדערקלײַבן זיי. מיט אַ מאָל דערהערט ער אַ שאַלן פֿון אַ מלחמה־טרומייט. ער האָט אַ קוק געטאָן און דערזען פֿון ווײַטן — אַ גרויסע מחנה באַוואָפֿנטע מענטשן גייען איבערן וועג.

פֿאָרויס, אויף שיינע פֿערד אין גאָלדענע פּאַנצערס, רײַטן די אָנפֿירערס. יצחק קוקט און וואונדערט זיך: „פֿון וואַנען האָבן זיך גענומען די מענטשן? די רײַטער האָבן אים אויך באַמערקט און אים אַ רוף געטאָן צו זיך. יצחק האָט זיך ניט גערירט פֿון אָרט. ער קוקט אויף זיי, קוקט און הייבט זיך אָן צו דערמאָנען, אַז ערגעץ וואו אַ מאָל האָט ער שוין געזען אַזוינע אויסגעפּוצטע מענטשן — וואו אָבער, קען ער זיך ניט דערמאָנען. עטלעכע סאָלדאַטן האָבן אַרויפֿגעקלעטערט אויפֿן פֿעלדז און האָבן אַראָפּ־געשלעפּט יצחקן אונטן. באַלד איז צו אים צוגעריטן דער אָנפֿירער און האָט אים געפֿרעגט אויף פֿראַנצייזיש, וואו געפֿינט זיך דאָ דאָס נאָענטסטע דאָרף. יצחק האָט אים גאָרניט געענטפֿערט. ער האָט ברייט געעפֿנט די אויגן, געקוקט אויפֿן רײַטער, און ס'איז קענטיק געווען, אַז ער וויל זיך אין עפּעס דערמאָנען. נאָר באַלד איז יצחק צו זיך געקומען און האָט געפֿרעגט בײַם רײַטער אויך אויף פֿראַנצייזיש:

— ווער זײַט איר?

דער רײַטער האָט זיך געוואונדערט צו הערן אַ ריינע פֿראַנצייזישע שפּראַך פֿון עפּעס אַן אָפּגעריסענעם בעט־לער, דאָך האָט ער אים געענטפֿערט, אַז זיי זײַ־נען אונטערטאַנער פֿון דעם פֿראַנצייזישן קיניג קאַרל XIII, וועלכער האָט דערקלערט מלחמה דעם קיניג פֿון נעאַפּאָל און דעם פּויפּסט, און ער, דער רײַטער, איז דאָס דער אָנ־פֿירער פֿון אַן אָפּטיילונג, וואָס גייט פֿאָרויס. יצחק האָט דערהערט די ווערטער — און די שוואַרצע כמאַרע, וואָס

איז געהאַנגען איבער זײַן נשמה, האָט זיך אָפּגעטאָן. ער האָט זיך מיט אַ מאָל דערמאָנט אין אַלץ, וואָס האָט מיט אים פּאַסירט, אין זײַן היים, אין זײַנע קינדער, אין זײַן לאהן. ער האָט זיך געכאַפּט פֿאַרן קאָפּ און איז געפֿאַלן אויף דער ערד. די פֿראַנצויזן האָבן פֿאַרוואונדערט גע־קוקט אויף אים. זיי האָבן גענומען פֿאַרדעכטיקן, אַז ער איז גאָר אַ שפּיאָן. די סאָלדאַטן האָבן אים אַרויפֿגעלייגט אויפֿן וואָגן און אים געבראַכט אין דאָרף אַרײַן.

דער אָנפֿירער האָט גלײַך פֿאַררופֿן צו זיך די עלטסטע פֿון דאָרף און האָט געפֿרעגט בײַ זיי, וואָס פֿאַר אַ מענטש עס איז אָט דער יצחק.

— פֿון וואַנען ער איז, ווייסן מיר ניט, מיר ווייסן נאָר, אַז ער איז אַ גוטער דאָקטער. ער וואוינט שוין בײַ אונדז פֿיר יאָר. און מיר האָבן פֿון אים אַחוץ גוטס קיין זאַך ניט געזען.

מען האָט אַרײַנגערופֿן יצחקן. קוים וואָס ער האָט זיך געהאַלטן אויף די פֿיס. דאָס פּנים איז אים געווען בלאַס, ער האָט זיך אין גאַנצן איבערגעביטן, פֿון די אויגן איז פֿאַרשוואונדן דער אויסדרוק פֿון משוגעת.

— איך האָב געהערט, אַז דו ביסט אַ גוטער דאָקטער, — האָט געזאָגט צו אים דער רײַטער, — מיר דאַרפֿן האָבן גוטע דאָקטוירים. ווילסטו אונדז דינען און גיין מיט אונדז קיין רוים?

... גיין קיין רוים? גיין אַהין צו, וואו עס זײַנען געשען די שרעקלעכסטע זאַכן אין זײַן לעבן, וואו עס וויינט און עס קלאָגט, קען זײַן נאָך ביז איצט, זײַן לאה? —

ניין! בעסער ניט גיין אַהין! בעסער פֿאַרבלײַבן דאָ און וואַרטן אויפֿן טויט אין דעם פֿאַרוואָרפֿענעם דערפֿל!

— קינדער מײַנע! קינדער מײַנע! — האָט יצחק געקרעכצט. און ער האָט זיך דערמאָנט די שרעקלעכע מינוט, ווען זײַן מעסער האָט זיך אָנגערירט אין זײַן זונס האַנט... ער האָט ווידער דערזען פֿאַר זיך ווי לעבעדיק דאָס איבערגעשראָקענע קינד.

— קינדער מײַנע! קינדער מײַנע!

און ער האָט געוויינט, געריסן זיך די האָר פֿון קאָפּ געקרעכצט מיט אַ שרעקלעכן פֿאַרשטיקטן קול — דאָס האָט שוין געוויינט און געקרעכצט ניט קיין משוגענער.

די פֿראַנצויזן האָבן געקוקט אויף אים און געשוויגן. זיי האָבן אויך ניט געקאָנט צוזען דעם צער זײַנעם. ענדלעך איז יצחק געקומען צו זיך און האָט זיך אָפּגערופֿן צו די פֿראַנצויזן:

— איך בין גרייט צו פֿאָרן מיט אײַך קיין רוים און העלפֿן אײַערע קראַנקע און פֿאַרוואונדעטע, אַזוי ווי איך האָב געהאָלפֿן אַנדערע. — אַזוי פֿיל צרות האָט ער שוין אַריבערגעטראָגן, און ס'האָט זיך אים געוואָלט אויסטרינקען דעם בעכער פֿון די לײַדן ביזן דעק. בײַ אים איז געבליבן, אַז ער מוז פֿאָרן קיין רוים, זען זײַן הויז און די פֿרוי, צי זי לעבט נאָך.

## 4

אויף מאָרגן אין דער פֿרי האָט זיך יצחק געזעגנט מיט די פּויערים פֿון דאָרף און איז אַוועק מיט דער אַרמיי קיין רוים. מיט טרערן אין די אויגן האָבן אים די פּויערים באַגלייט.

די פֿראַנצייזישע אַרמיי איז צוגעגאַנגען צו די טויערן פֿון רוים. אין יענער צײַט איז אין רוים געזעסן דער פּויפּסט אַלעקסאַנדער IV. דער פֿריִערדיקער פּויפּסט איז געשטאָרבן פֿאַר צוויי יאָרן — נאָך דער אָפּעראַציע האָט ער נאָך געלעבט כּמעט דרײַ יאָר.

די פֿראַנצויזן זײַנען אַרײַן אין שטאָט. יצחק איז אויך געווען צווישן זיי. ער איז אַוועק צום ריטער און האָט אים געזאָגט, אַז ער האָט דאָ אַ שטוב, מיט אַ פֿרוי און האָט געבעטן, מ'זאָל אים אָפּלאָזן. דער ריטער האָט אים באַדאַנקט פֿאַר דער הילף, וואָס די פֿראַנצויזן האָבן געהאַט פֿון אים, און האָט אים אָפּגעלאָזן.

יצחק איז אַוועק אין יידישן קוואַרטאַל, וואו ס'איז געשטאַנען זײַן הויז. ער איז געגאַנגען און געטראַכט: „צי לעבט נאָך מײַן לאה, צי איז זי געזונט?" און ער האָט

ווידער דערזען פֿאַר די אויגן, ווי ער צאַפּט דאָס בלוט פֿון זײַנע קינדער, און ס'האָט אים פֿאַר ווייטאָג פֿאַרקלעמט דאָס האַרץ.

— קינדער מײַנע, קינדער מײַנע! — האָט ער גע־זיפֿצט.

שטאַרק האָט געקלאַפּט יצחקס האַרץ, אַז ער איז צו־געגאַנגען צו זײַן הויז. לאַנג האָט ער שוין ניט געזען די באַקאַנטע ערטער. ווער געדענקט נאָך יצחקן? צי וועט אים ווער דערקענען? די פֿינף יאָר צרות האָבן אים על־טער געמאַכט אויף גאַנצע פּופֿציק. די האָר זײַנע זײַנען גרוי געוואָרן, דאָס פּנים צעקנייטשט, דער רוקן אײַנגע־בויגן. צרות מאַכן דעם מענטשן ניט שענער...

יצחק איז צוגעגאַנגען צו זײַן הויז און האָט דערזען אויף די טרעפּ אַ פֿרוי, אָנגעטאָן אין ווײַסן. און לעבן דער פֿרוי אַ גרײַז־גראָען מאַן. יצחק האָט באַלד דערקענט זײַן פֿרוי, ער האָט אויך באַלד דערקענט דעם אַלטן אַהרנען.

— אַ גוט מאָרגן דיר, לאה! — האָט ער געזאָגט מיט אַ ציטערדיקער שטים.

לאה האָט ניט דערקענט דעם מאַנס קול און האָט זיך אָפּגערופֿן:

— אַ גוט יאָר דיר, ווער דו זאָלסט ניט זײַן!

אהרן האָט אַ קוק געטאָן אויף יצחקן און האָט אים באַלד דערקענט.

— דאָקטער, יצחק! — האָט ער אויסגעשריִען. — דאָס ביסטו?

לאה האָט דערהערט די ווערטער און האָט אָנגע־הויבן צו ציטערן פֿאַר שרעק. זי האָט זיך אַ הייב געטאָן און האָט אויסגעשטרעקט צו יצחקן די הענט. יצחק איז צוגעלאָפֿן צו איר, אָבער ווי ער האָט נאָר נעענטער דער־זען איר פּנים, האָט ער אַ קרעכץ געטאָן:

— לאה, טײַערע מײַנע! — האָט ער אויסגעשריִען.
— דו ביסט בלינד? אָ, גאָט, ווען וועט שוין קומען אַ סוף צו מײַנע צרות?

לאה האָט קיין וואָרט ניט געקענט אַרויסרײדן. זי האָט זיך פֿונאַנדערגעוויינט און איז געפֿאַלן אין חלשות. יצחק איז געשטאַנען איבער איר און האָט ביטער געוויינט. ביי אַהרנען האָבן זיך אויך געוויזן טרערן אין די אויגן. דערווייל האָבן זיך די אַרומיקע שכנים דערוואוסט, אַז דער דאָקטער יצחק איז געקומען. זיי זיינען זיך צונויפֿגעלאָפֿן, האָבן אַריינגעטראָגן לאהן אין שטוב און זי אָפּגעמינטערט.

— געלויבט איז גאָט און געלויבט זיינען זיינע מעשׂים, ער האָט מיר צוריקגעקערט מיין מאַן! — האָט זי געזאָגט, אַז זי איז געקומען צו זיך.

יצחק איז געזעסן לעבן איר. ער האָט געפֿילט, אַז זיין האַרץ צערייסט זיך אויף שטיקלעך פֿון צער. שווער איז אים געווען צו קוקן אויף לאהן — אירע אויגן זיינען פֿאַרצויגן מיט הייטלעך און־איר פּנים זאָגט אים, אַז אירע ליידן זיינען גרויס.

די שטוב איז דערווייל געוואָרן פֿול מיט מענטשן. יצחק האָט זיי דערציילט פֿון אַלץ וואָס מיט אים האָט פּאַסירט פֿאַר דער גאַנצער צייט.

— דאָס האָט דיך גאָט געשטראָפֿט! — האָבן אַלע געזאָגט צו אים. — דו האָסט ניט געדאַרפֿט היילן דעם פּויפּסט.

— ניין! איר זייט ניט גערעכט! — האָט זיי יצחק געענטפֿערט. — איך בין אַ דאָקטער און מוז גרינגער מאַכן די ליידן פֿון אַלע מענטשן. איך מוז העלפֿן אַלע קראַנקע, ווער זיי זאָלן ניט זיין!

— דו האָסט זיך געדאַרפֿט אָפּזאָגן, ווייל דאָס מיטל, וואָס דו האָסט געפֿונען, איז סיי ווי אַ נאַרישקייט.

— ניין, מיין מיטל איז ניט קיין נאַרישקייט, עס איז אַ ריכטיקע זאַך. ניט דערפֿאַר, ווייל דאָס מיטל טויג ניט, זיינען מיינע קינדער אוועק פֿאַר דער צייט פֿון דער וועלט. איך האָב דאָס ניט אויסגעטראַכט גלאַט אַזוי, איך בין דאָס דערגאַנגען דורך אַ סך פּראָבעס. און ניט ווייל איך האָב רחמנות געהאַט אויפֿן שׂונא־ישׂראל בין איך גע־

שטראָפֿט געוואָרן. ניין! אַליין בין איך שולדיק אין זייער טויט. מײַנע אומגעניטע הענט, מײַן שוואַכער ווילן און מײַן קליינער פֿאַרשטאַנד — אָט ווער ס׳איז שולדיק!

— ס׳איז אָבער פֿאָרט אַן אוממעגלעכע זאַך איבער־צוגיסן בלוט פֿון איין מענטשן אין דעם אַנדערן.

יצחק האָט זיך געהאַלטן בײַ דעם זײַניקן:

— וואָס ס׳האָט זיך געטראָפֿן אַן אומגליקלעכער צופֿאַל איז נאָך ניט קיין באַווײַז. צי דען ווען מיר האַלטן פֿאַר אַ חכם דעם מענטשן וואָס וועט זיך אָפּהאַקן אַ האַנט מיט אַ האַק און וועט דערנאָך זאָגן אַז די האַק איז ניט קיין ניצלעכע זאַך?

לאַנג האָט זיך יצחק געאַמפּערט מיט די קרובֿים און מיט די שכנים. לאה איז די גאַנצע צײַט געזעסן און האָט געוויינט שטילערהייט. יצחק האָט זיי ניט געקאָנט אי־בעררײדן. ער איז אָבער געבליבן בײַ זײַן מיינונג.

פֿאַרן אַוועקגיין אַהיים האָבן זיי אַזוי געזאָגט צו אים:

— שווערע לײַדן האָסטו, יצחק, אַריבערגעטראָגן, איצט וועסטו שוין מער קיין בלוט ניט איבערגיסן, דו וועסט שוין דאָס מער ניט אויספּרוּוון אויף דײַנע נאָענטע.

## 5

אַ קורצע צײַט איז אַריבער און פֿאַר יצחקן האָבן זיך ווידער אָנגעהויבן בעסערע טעג. ער איז ווידער בײַ זיך אין דער היים מיט זײַן פֿרוי. ווי אין די אַמאָליקע יאָרן זיצט ער ווידער אין זײַן קאַבינעט און לייענט וויסנשאַפֿט־לעכע ביכער אויף פֿאַרשיידענע שפּראַכן, היילט קראַנקע, וואָס האָבן ווידער אָנגעהויבן צו קומען צו אים. זײַן גע־זונט האָט זיך ביסלעכווײַז אין גאַנצן פֿאַרבעסערט. איין זאַך נאָר פֿלעגט פֿאַראומערן זײַן לעבן — וואָס די קינדער זײַנען ניטאָ.

יצחק איז ווידער געוואָרן באַוואוסט. די גאַנצע שטאָט האָט ווידער מיט אים געקלונגען, ווײַל ער האָט וואָס ווײַטער אַלץ מער קראַנקע געראַטעוועט פֿון טויט.

יצחק אליין איז דערווײַל ארומגעגאנגען מיט א נײַעם געדאנק: ווי נעמט מען אראפּ די הײַטלעך פון לאהס אויגן און מען מאכט זי ווידער זעעוודיק? קיינעם האט ער וועגן דעם ניט דערציילט. אויף גאנצע טעג פלעגט ער זיך פארשפארן בײַ זיך אין צימער און אלץ לייענען ביכער, וואו עס באשרײַבן זיך די אויגן־קראנקייטן. צײַטנווײַז פלעגט ער אויסשנײַדן די אויגן בײַ טויטע הינט און הינטלעך, כדי צו דערגיין ווי זיי זײַנען געבויט.

איין מאל האט ער געכאפּט א קאץ וואס האט געהאט בעלמעס אויף די אויגן. יצחק האט זיך זייער דערפרייט מיט דעם און געפּרואווט אראפּנעמען בײַ איר מיט א מעסער די בעלמעס פון די אויגן.

ער האט זי פעסט צוגעבונדן צום טיש, גענומען זײַן מעסער און אראפּגענומען פריער איין בעלמע, דערנאך די אנדערע. די אפּעראציע האט זיך פולקום אײַנגעגעבן, און די קאץ איז זעעוודיק געווארן. אין א קורצער צײַט ארום האט ער בײַ נאך א קאץ אראפּגענומען א בעלמע. נאך דעם האט ער א סך מאל איבערגעחזרט די אפּעראציע און זעלטן ווען זי האט זיך אים ניט אײַנגעגעבן.

נאך יעדן מאל פלעגט ער אלץ טראכטן: „דאכט זיך, אז איצט קען מען שוין מאכן לאהן די אפּעראציע. מײַן האנט איז שוין גענוג פלינק און גרינג". נאר ער האט אלץ ניט געקאנט פועלן בײַ זיך און זיך אלץ געשלאגן מיט דער דעה: „ניין! איך וועל בעסער נאך אפּווארטן און וועל נאך א מאל מאכן א פּראוווו!"

אנדערטהאלבן יאר האט ער געווארט און האט אלץ געמאכט א פּרואוו נאך א פּרואוו. דער אומגליק מיט זײַנע קינדער האט אים אויסגעלערנט צו זײַן פארזיכטיק. סוף־כל־סוף האט ער אבער באשלאסן צו מאכן די אפּעראציע, איז ארײַן צו לאהן אין צימער און האט איר אנגעזאגט די גוטע בשורה:

— פריי זיך, לאה, איך קען דיך זעעוודיק מאכן!

דערהערט די ווערטער, האָט זיך לאה זייער דער־שראָקן: „צי איז ער חלילה ווידער פֿון זינען ניט אַראָפּ?"
— איז איר איַינגעפֿאַלן. נאָר יצחק האָט ווידער געזאָגט צו איר:

— יאָ, לאה, דו וועסט ווידער דערזען די זון, דעם הימל, די גרינע וועלדער!

לאה האָט פֿאַרשטאַנען, אַז יצחק מיינט דאָס אויף אַן אמת. זי איז בלאַס געוואָרן און האָט מיט טרערן אין די אויגן געפֿרעגט, צי ער איז זיכער, אַז די אָפּעראַציע וועט זיך אים איַינגעבן, צי האָבן אים די איבערגעקומענע צרות ניט אויסגעלערנט צו זיַין פֿאַרזיכטיק.

— טיַיערע מיַינע, — האָט איר יצחק געענטפֿערט, — זיַי וויסן, אַז אונדזער אומגליק האָט מיך אַ סך אויסגע־לערנט. דער אמת בליַיבט אָבער אַלע מאָל אַן אמת. איך וויים וואָס איך רייד, איך טראַכט שוין לאַנג ווי צו מאַכן דיך זעעוודיק!

לאה האָט זייער ליב געהאַט איר מאַן און האָט זיך פֿאַרלאָזן אויף אים:

— טו מיט מיר וואָס דו ווילסט. איך בין גרייט אַלץ אַריבערצוטראָגן, אַבי נאָר דיך, מיַין פֿריַינד, צו זען.

— מאָרגן וועלן מיר זיך זען! — האָט ער געזאָגט צו איר.

אויף מאָרגן אין דער פֿרי האָט ער זי אַוועקגעלייגט אויף אַ סאָפֿע און האָט צו איר געזאָגט:

— לאה, מיט די לעצטע כּוחות ליַיד צו עטלעכע מי־נוט!

ער האָט גענומען זיַין שאַרפֿן מעסער און האָט זיך צו־גערירט צו איר אויג. זיַין האַנט האָט ניט געציטערט. גיך און פֿלינק האָט ער אַראָפּגענומען די בעלמע פֿון איר לינקן אויג. לאה האָט אַפֿילו קיין געשריי ניט געטאָן, זי האָט מיט אַ מאָל דערזען איר מאַן.

— טיַיערער מיַינער! — האָט זי אויסגעשריִען. — מיַין פֿאַרלאַנג איז מקוים געוואָרן — איך האָב דיך ווי־דער דערזען!

זי האָט געוואָלט אויפֿשטיין, נאָר יצחק האָט זי אָפּ־געהאַלטן.

— לאה, איך האָב אָפּגעטאָן נאָר אַ האַלבע אַרבעט!

און ער האָט ווידער גענומען דעם מעסער און האָט אַראָפּגענומען די בעלמע פֿון דעם רעכטן אויג.

לאה האָט אָנגעהויבן צו זען אויף ביידע אויגן.

— נאָך עטלעכע טעג מוזסטו צוליידן, לאה, — האָט יצחק געזאָגט צו איר. — איצטער מוזסטו עטלעכע טעג ליגן מיט פֿאַרבונדענע אויגן, ביז די וואונדן וועלן זיך אין גאַנצן פֿאַרהיילן.

לאה האָט געטאָן אַלץ, וואָס יצחק האָט איר געהייסן. אין עטלעכע טעג אַרום האָט יצחק אַראָפּגענומען פֿון אירע אויגן דעם באַנדאַזש.

— איצטער — האָט ער געזאָגט צו איר — קענסטו ווידער אָנקוקן גאָטס וועלט!

לאה האָט אַ קוק געטאָן אויפֿן מאַן און האָט זיך פֿאַר־נאַנדערגעוויינט פֿון פֿרייד. זי האָט אים גענומען קושן די הענט.

* * *

באַלד האָט מען זיך דערוואוסט אין דער גאַנצער שטאָט, אַז יצחק האָט זעעוודיק געמאַכט זיין פֿרוי. אַלע האָבן זיך זייער געוואונדערט וואָס ער, דער געשטראָפּ־טער, האָט דאָס מאָל אויך ניט מורא געהאַט אויסצופּרואוון אַן אָפּעראַציע אויף זיין אייגענער פֿרוי. איצטער האָבן אַלע פֿאַרשטאַנען, אַז יצחק איז אַ גרויסער מענטש. זיין שם איז געוואַקסן און געוואַקסן.

איין מאָל איז צו אים אַריינגעקומען אַ פֿרוי, זייער רייך אָנגעטאָן. זי איז אים געפֿאַלן צו די פֿיס און האָט אים גענומען בעטן רחמים, ער זאָל ראַטעווען איר זון. יצחק האָט זי אויפֿגעהויבן און האָט זי פֿונאַנדערגע־פֿרעגט וואָס מיט איר זון איז.

און זי האָט אים דערציילט, אַז גזלנים זיינען באַ־פֿאַלן איר זון, האָבן אים פֿאַרוואונדעט און ער האָט פֿאַר־

לוירן זייער אַ סך בלוט. ער ליגט אויפֿן טויטן־בעט און אַלע דאָקטוירים האָבן אים אָפּגעזאָגט דאָס לעבן.

— ראַטעווע מײַן זון, — האָט זי זיך געבעטן, — גיס איבער אין אים מײַן בלוט. בעסער וועל איך שטאַרבן איידער ער!

יצחק האָט איר געזאָגט, אַז איבערגיסן בלוט קאָן ער אַפֿילו יאָ, דאָס איז אָבער זייער אַ געפֿערלעכע זאַך. די פֿרוי האָט געקלאָגט און איז ניט אָפּגעטראָטן:

— דעם פּויפּסט — האָט זי געטענהט — האָבן אויך אַלע דאָקטוירים אָפּגעזאָגט דאָס לעבן, און דו האָסט אים דאָך געראַטעוועט; דרײַ יאָר נאָך דער אָפּעראַציע האָט ער געלעבט. נאָר דו קאָנסט ראַטעווען מײַן קינד! ראַטעווע אים, און קיין זאַך וועט מיר ניט זײַן צו טײַער דיך צו באַפֿרידיקן!

יצחק האָט רחמנות געקראָגן אויף דער אומגליקלעכער פֿרוי, ער האָט אָבער בײַ זיך ניט געקאָנט פּועלן אונטערצונעמען זיך צו מאַכן די אָפּעראַציע. ער האָט זיך דערמאָנט אין דעם טויט פֿון זײַנע קינדער. ער האָט דערזען דאָס בילד ווי זיי צאַפּלען זיך פֿאַרן טויט...

דער צער פֿון דער פֿרוי איז אָבער געווען זייער גרויס און ער האָט זיך באַשלאָסן דאָס צו טאָן.

— איך דאַרף ניט דײַן געלט! — האָט ער געזאָגט צו איר. — איך וועל איבערגיסן דײַן בלוט צום זון נאָר מיט איין תּנאַי: מ׳זאָל דערנאָך צו מיר קיין טענות ניט האָבן, טאָמער וועט איינער פֿון אײַך שטאַרבן.

— אָן דײַן הילף וועט מײַן זון סײַ ווי סײַ שטאַרבן, — האָט די פֿרוי פֿריילעך געזאָגט, — מײַן לעבן איז מיר ניט טײַער.

יצחק האָט גענומען די נייטיקע אינסטרומענטן און איז אַוועק צו איר אַהיים. זי האָט אים אַרײַנגעפֿירט צום קראַנקן. ער האָט דערזען אַ שיינעם בחור וואָס איז געלעגן בלאַס ווי אַ טוך, כּמעט ווי טויט.

יצחק האָט זיך גענומען צו דער אַרבעט. ער האָט אָנגעהויבן איבערצוגיסן דער מוטערס בלוט צום זון. פֿאַר דער גאַנצער צײַט האָט זײַן האַנט קיין ציטער ניט געטאָן. די אָפּעראַציע האָט זיך פֿולקום אײַנגעגעבן. די מוטער מיטן זון זײַנען ביידע געבליבן לעבן.

אַ גאַנצע נאַכט איז יצחק געשטאַנען איבערן בחור און אַכטונג געגעבן אויף אים. אַז די ערשטע שטראַלן פֿון דער זון האָבן אַרײַנגעשײַנט אין צימער, האָט זיך יצחק אָנגעטאָן און זיך געזעגנט מיט זיי.

— איצטער בין איך רואיק, — האָט ער געזאָגט. — איך בין זיכער, אַז איר וועט ביידע זײַן געזונט און שטאַרק.

די גליקלעכע מוטער האָט ניט געוואוסט ווי אים אָפּ־צודאַנקען.

און גייענדיק אַהיים צוריק, איז יצחקן געווען אַזוי גוט אויפֿן האַרצן! דער אמת איז געבליבן אַן אמת. די צרות וואָס ער איז אויסגעשטאַנען האָבן אים פֿאַרט ניט געקענט דערווײַזן, אַז ער איז אומגערעכט.

געקומען אַהיים, האָט ער געזאָגט צו לאהן:

— פֿריי זיך, לאה! איך האָב מיט הצלחה איבער־געגאָסן בלוט. דו זעסט, אַז דער אמת בלײַבט אַלע מאָל אַן אמת; ער האַלט אויס די גרעסטע נסיונות, און קיין זאַך אין דער וועלט וועט אים ניט אָפּלייקענען.